באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,
צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

י. ל. פּרץ

# דערציילונגען

פארלאג „נײַע ייִדישע פאָלקשול"

1939 ווילנע

באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,
צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

י. ל. פּרץ

# דערציילונגען

—

פאַרלאַג „נײַע יידישע פאָלקשול“

1939 ווילנע



# די לבנה פאַרציילט.

פון אַן איבערגעבויגן הײַזל גייט אַרויס אַ באָרוועס יינגל, שלעכט געקליידט (די שמאַטעס האַלטן זיך אויף אים קוים), און קעגנאיבער, פון אַ צווייטן הויז, וואס אַ מפּולת*), קומט אויך אַרויס אַזאַ יינגל.

קוים זײַנען זיי איינער צום צווייטן צוגעקומען, האָב איך שוין גיכט געוואוסט, וועלכער עס איז אַרויס פון וועלכן הויז: ביידע אויסגעדאַרט, מיט ברענענדיקע אויגן, ביידע ציטערן פאַר קעלט, אפשר פאַר הונגער אויך.

איך הער, ווי זיי שמועסן:

– פאַרטיק?

– און דו?

– אויך.

– האָסט געגעסן?

– ניין... דער טאַטע האָט ניט געבראַכט.

– מײַנער – קראַנק. די מאַמע וויינט...

– גייען מיר?

– בעסער לויפן... ס'איז קאַלט...

– נו!

זיי לויפן פײַל פון בויגן אין שטאָט אַרײַן.

---

*) וואס האלט ביים איינפאלן.

איך קוק זיי נאָך.

בײַ אײנעם פון די שענסטע הײַזער שטעלן זיי זיך אָפּ.

– זעסט! מײַן פעטערס הויז! – מאַכט אײנער שטאָלץ.

דער צווייטער ווײַזט אויף אַ הויז קעגנאיבער:

– דאָס איז מײַן פעטערס!

– מײַן פעטער האָט מען אָבער געבראַכט אַן אראַביש פערדל פאַר 16 טויזנט!

– מײַנער האָט אַ קאַרעטע מיט פיר פערד ווי די לײבן!

– מײַנער האָט אפשר טויזנט דערפער!

– מײַנער אפשר הונדערט שטעט!

– שוטה! בײַ מײַן פעטער איז דאָס מעבל פון גאָלד!

– בהמה! בײַ מײַן פעטער – סאַמע בריליאַנטן.

– אָבער מײַן מומע מיט אירע פאַרפומען! די נאָז רײַסט עס אויף!

– אַ-וואַ! מײַן מומע גייט אַלע טאָג אין טעאַטער אַרײַן...

– און אַז מײַן פעטער שפּילט יעדע נאַכט אין קאָרטן – האַ?

זיי האָבן זיך לאַנג געשפּאַרט און שיר נישט געפאַלן זיך אין די האָר אַרײַן... אײנער איז דאָך פריער אָפּגעשטאַנען.

– קאַלט – מאַכט ער מיט אַ ציטער.

דער צווייטער שטייט אויך אָפּ.

– איך בין זייער הונגעריק, – זאָגט ער – עס נאָגט מיך! קלינג אָן בײַ דײַן פעטער.

ניין, – ענטפערט יענער דערשראָקן, – ער האָט אָנגעזאָגט דעם שווייצער, ער זאָל מיר הענט און פיס צעברעכן!

– מײַן פעטער – דאָסזעלבע! – ענטפערט דער צווייטער.

זיי לאָזן ביידע טרויעריק אַראָפּ די קעפּ.

– גייען מיר?

– בעסער לויפן...

און אויפן וועג:

– מאָרגן בײַנאַכט נאָכאַמאָל...

– יאָ... איבערלויפן... איך וועל געבן אַ סימן... איך וועל אַ קריי טאָן ווי אַ האָן...

– איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ מיאַוק פון אַ קאַץ.

– גוט...

זיי זײַנען מיר פאַרשוווּנדן געוואָרן.



# דער נײַער ניגון.

מע האָט געגעבן אַ בלאָז. דער עולם האָט אָנגעהויבן רוישן:

„לשנה הבאה בירושלים!"

ווײַסע חברה האָט זיך שוין צוגעכאַפּט צום וואַקס פונעם שולחן. בײַם עמוד איז שוין געשטאַנען אַ וואָכעדיקער חזן. מע האָט געדאַוונט שוין דעם וואָכעדיקן מעריב מיטן וואָכעדיקן ניגון.

פֿיל פֿון בויגן האָט זיך געדאַוונט, פֿיל פֿון בויגן אָפּגעלייגט קיטל און טלית און אָנגעהויבן אָנטאָן די שטיוול — ווער האָט צײַט?

קיינער האָט קיין צײַט נישט געהאַט צו באַמערקן דעם בלאַסן יונגנמאַן, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום עולם און נאָכגעשלעפּט אַ שוואַך און בלאַס קינד.

דאָס דריטע מאָל גייט ער שוין אַרום די „שטעט". קיינער זעט אים נישט.

דער ליגט אונטער אַ באַנק און זוכט אַ שטיוול; יענער איז פֿאַרנומען: מע האָט אים אַ קאַלאָש פֿאַרכּוישט, אַ היטל פֿאַרשמירט אין חלב, און — אַלע זײַנען הונגעריק...

אומזיסט קוקט ער יעדן אין פּנים אַרײַן, ער קאָן קיינעמס בליק נישט כאַפּן.

— טאַטע, קום שוין אַהיים! — בעט זיך דאָס קינד.

— נאָך איין מאָל וועלן מיר אַרומגיין — האָט ער געענטפֿערט — איך וויל נאָר דורכגיין פֿאַרן פּעטער...

דערווײַל אָבער האָט זיך דער עולם אַ ריר געטאָן.

דער לעצטער קדיש, דער לעצטער „אָמן".

דער עולם יאָגט און שלעפּט מיט דעם יונגנמאַן מיטן קינד.

אויפֿן שולהויף שטעלן זיך די מענער מקדש זײַן די לבֿנה.

די ווײַבער ציען זיך אין בײדע זײַטן פֿון דער שולגאַס ווי צווײ ווײַסע שנירן.

אַהיים גײענדיק האָט מען צײַט אויסצורעכענען, וויפֿל ווײַבער עס האָבן געחלשט, וויפֿיל שיר נישט געחלשט, צו ריידן אַ ביסל מכּוח דעם חזן, וואָס איז הײַנט געווען הייזעריק מער ווי אַלע יאָר.

בײַ יעדן הויז געזעגענען זיך צווײ־דרײַ און פֿאַרשווינדן...

אויפֿן שולהויף שטײט נאָך דער גרויסער עולם און טאַנצט קעגן דער לבֿנה. צווישן עולם דרײט זיך ווײַטער אַרום דער בלאַסער יונגערמאַן מיטן בלאַסן קינד. דער עולם הייבט אָן ווערן קלענער, און זײַן פּנים — פֿינצטערער.

אָפּגעזאָגט, דער לעצטער פֿאַרשווינדט ערגעץ אין אַ ליק.*)

דער יונגערמאַן שטייט נאָך.

— קיינער... נו, מילא, מוז מען זיך באַגיין... איך וועל נישט בעטלען אויפֿן נײַעם יאָר, באַלד מוצאי־יום־כּיפּור... — האָבן זײַנע ליפּן געציטערט.

דאָס קינד האָט געמיינט, אַז ער איז מקדש די לבֿנה.

— גענוג שוין, טאַטע! — האָט ער אים געשלעפּט בײַ דער פּאָלע, — קום שוין אַהיים!

---

*) גאַסל

זײַן קול איז געווען אָנגעזאַפּט מיט טרערן.

— נאַריש קינד, וואָס יאָגסטו דיך אַהיים?

— עסן! איך בין הונגעריק.

— פּשיטאָ! אוודאי ביסטו הונגעריק... שוטה איינער! מאַי קאָ משמע לן, וואָס דערציילסטו מיר, אַז דו ביסט הונגעריק... אַניסס, וואָס וואָלט איך געמיינט, אַז דו פֿאַסט אָפּ יום־כּיפּור און דו ביסט נישט הונגעריק?

— קום שוין אַהיים—האָט זיך ווײַטער געבעטן דאָס קינד.

— הער, דודל, אין דער היים איז אויך גישטאָ וואָס צו עסן...

— כאָטש אַ שטיקל ברויט!

— קיין ברעקל ברויט!

דאָס קינד איז געבליבן שטיין דערשראָקן.

— דודל—מאַכט צו אים דער פֿאָטער,—דו ווייסט, וואָס הײַנט איז געווען?

דאָס קינד שווײַגט און כליפּעט שטיל.

— הײַנט, דודל, איז געווען יום־כּיפּור... יום הקדוש. ווייסט, וואָס דאָס אין טײַטש?

— יאָ—האָט דאָס קינד קוים געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נו, זאָג, דודל, וואָס האָבן מיר געטאָן?

— געדאַוונט—ווײנט דאַס קינד.

— גוט! און השם יתברך וואָס האָט געטאָן?

— מוחל געווען,—האָט קוים דאָס קינד אַרויסגעכליפּעט.

— ווייסטו וואָס, דודל, אַז גאָט ברוך הוא האָט מוחל געווען אונדזערע זינד, דאַרפֿן מיר, דאַכט זיך, זײַן פֿריילעך! וואָס?

דאָס קינד ענטפֿערט נישט.

— דו געדענקסט, דודל, פֿאַראַיאָרן, ווען די מאַמע האָט נאָך געלעבט, האָבן מי׳ געזונגען נאָך דער וועטשערע אַ נײַעם ניגון. געדענקסט דעם ניגון?

— ניין!

—איך וועל דיר דערמאָנען, נאָר העלף מיר אונטער!

און דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן זינגען מיט אַ הייזעריקער שוואַכער שטי־מע אַ ניגון: נישט קיין סינַי, נישט קיין וואָלאַך, נאָר עפּעס אַ גרעסלעכן ניגון, וואָס האָט געשניטן אין האַרץ.

דאָס קינד האָט ווײנענדיק צוגעהאָלפֿן.



# דער תּענית.

אַ ווינטערנאַכט. שׂרה זיצט בײַם קאַנאַניק און שטאָפּט אַן אַלטן זאָק. די אַרבעט מיט געפרוירענע הענט גייט ניט זייער געשווינט. פאַר קעלט זײַנען איר אויך ברוין און בלוי געוואָרן די ליפּן. אָפט לייגט זי אַוועק די אַרבעט און צעלויפט זיך איבער דער שטוב צו דערוואַרעמען די געפרוירענע פיס.

אין אַ בעט, אויף אַ הוילן שטרויזאַק שלאָפן פיר קינדער: אין יעדער זײַט צוויי קעפּ, איבערגעדעקט אין דער מיט מיט עטלעכע אַלטע קליידער.

וואָס אַ מאָל כאַפּט זיך אויף אַן אַנדער קינד, עס הייבט זיך אויף אַן אַנדער קעפּל און בעט: „עסן!"

—וואַרט, וואַרט, קינדערלעך,—טרייסט זיי שׂרה,—אָט באַלד וועט קומען דער טאַטע, ברענגען וועטשערע. איך וועל אײַך אַלע אויפוועקן!

—און וואַרמעס?—פרעגן די קינדער וויינענדיק,—מיר האָבן דאָך גאָר קיין וואַרמעס ניט געגעסן!

—וואַרמעס אויך!

זי גלויבט דאָך אַליין נישט אין דעם, וואָס זי זאָגט; זי זוכט מיט די אויגן אין אַלע זײַטן, טאָמער וועט זיך נאָך עפּעס געפינען צו פאַרזעצן... —נישטאָ!

ליידיקע, נאַסע פיר ווענט! אַ צעשפּאָלטענער אויוון! אַלץ איז נאַס און קאַלט! אויפן קוימען שטייען אַ פּאָר צעבראָכענע טעפּ. אויפן אויוון—אַן אַלט אויסגעבויגן בלעכן חנוכּה־לעמפּל; אין דער הויך, אין באַלקן, שטעקט אַ נאָגל — אַ זכר פון אַ הענגלײַכטער,—צוויי ליידיקע בעטן אָן אַ קישן.. גאָרנישט, גאָרנישט מער!

עס האָט לאַנג געדויערט, איידער די קינדער זײַנען רעכט אײַנגעשלאָפן. שׂרה קוקט אויף זיי מיט האַרצווייטיק. מיט רחמנות טראָגט זי איבער די פאַרוויינטע אויגן צו דער טיר. זי האָט דערהערט טריט, שווערע טריט אויף די טרעפּ אין דער סוטערינע אַרײַן; קאַנען קלאַפּן—דאָ אינדער רעכטער, דאָ אין דער לינקער זײַט וואַנט.

אַ שטראַל פון האָפענונג באַלײַכט איר אײַנגעשרומפּט פּנים.

זי קלאַפּט אַ פּאָר מאָל אַ פוס אָן אַ פוס, הייבט זיך שווער אויף און גייט צו צו דער טיר. זי עפנט.

עס קומט אַרײַן אַ בלאַסער, אײַנגעבויגענער ייִד מיט ליידיקע קאַנען.

—נו?—פרעגט שׂרה שטיל.

ער שטעלט אַוועק די קאַנען, לייגט אָפּ די יאָך, זיפצט אָפּ און ענטפערט נאָך שטילער:

—גאָרנישט, גאָרנישט! מען האָט מיר אין ערגעץ ניט באַצאָלט... מאָרגן—זאָגט מען. יעדער זאָגט אַלץ—מאָרגן, איבערמאָרגן, ראש־חודש...

—די קינדער האָבן כמעט אין מויל נישט געהאַט.—מאַכט שׂרה.—כאָטש גוט—זיי שלאָפן... בידנע קינדער מײַנע!

זי קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן און הייבט שטיל אָן צו וויינען:

—וואָס וויינסטו, נאַר?—פרעגט דער מאַן.

—אַך, מענדל, מענדל! די קינדער זײַנען אַזוי הונגעריק!

מיט גוואַלד וויל זי אײַנהאַלטן די טרערן.

—און וואָס וועט זײַן אונדזער סוף?—קלאָגט זי זיך.—מיט יעדן טאָג ווערט ערגער!

— ערגערז ניין, שרה, זינדיק נישט מיט די רייד! פאַראַיאָרן איז ערגער געווען, ערגער! אויך אָן ברויט און דערצו נאָך אָן אַ דירה. די קינדער האָבן זיך בפּסאָג געוואַלגערט אין גאַס, בפּנאַכט—אין דעם הויף... היינט כאָטש אויף אַ שטרוי־זאַק, כאָטש אונטער אַ דאַך!

שרה האָט זיך שטאַרקער צעוויינט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דעמאָלט איז איר טאָקע אין מיטן גאַס אַ קינד אַוועקגעקומען. עס האָט זיך פאַרקילט, הייזעריק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

„און געשטאָרבן ווי אין וואַלד... נישט געווען מיט וואָס צו ראַטעווען... אַזוי אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט".

און ער טרייסט זי:

—ווייַן נישט, שרה, וויין נישט! האָב אויף דיר אַליין רחמנות, לאָז דיר נישט צו אַזוי צום האַרצן! זע, ווי דו זעעסט אויס! היינט צען יאָר איז געווען אונדזער חופּה...: קוק אָן דייַן פּנים—ווי און וויינד! דו ביסט דאָך געווען די שענסטע אין שטאָט!

—און דו? דו האָסט דאָך געהייסן, געדענקסט, מענדל גיבור... היינט ביסטו געבליבן אין ...עון, קראַנק... ווייל דו האָלטסט פאַר מיר בסוד!—

—אַך, גאָט, גאָט!—רייַסט זיך איר אַרויס אַ געשריי.

די קינדער כאַפּן זיך אויף און בעטן: „עסן, ברויט!"

—חלילה! ווער עסט היינט?—האָט זיך מענדל פּלוצלונג אָנגערופן.

די קינדער זעצן זיך אויף דערשראָקן.

—היינט איז אַ תּענית. — זאָגט מענדל מיט אַ פינצטער פּנים.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, איידער די קינדער האָבן פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו זיי.

—וואָס פאַר אַ תּענית? וואָס פאַר אַ תּענית?—פרעגן זיי וויינענדיק.

און מענדל דערציילט זיי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַז היינט נאָך בײַ שחרית, צום לייענען איז אַראָפּגעפאַלן די ספר־תּורה פון טיש.

—דעריבער—זאָגט ער—האָט מען אויף מאָרגן אויסגערופן אַ תּענית, אַפילו פאַר זויגעדיקע קינדער!

די קינדער שווייַגן, און ער פירט ווייטער:

— אַזאַ תּענית ווי יום־כּיפּור, ווי תּישעה־באָב; פון היינט פאַרנאַכט אָן!

די פיר קינדער שפּרינגען פלינק אַרויס פון בעט און הייבן אָן באָרוועס, אין די צעריסענע העמדלעך, צו טאַנצן איבער דער שטוב און צו רופן:

—מיר וועלן פאַסטן! פאַסטן!

מענדל פאַרשטעלט מיט די פּלייצעס דעם קאַגאַניק, זיי זאָלן נישט זען, ווי די מוטער גיסט מיט טרערן.

—נו, גענוג!—באַרויִקט ער די קינדער.—גענוג! אין אַ תּענית טאָר מען נישט טאַנצן...

די קינדער זייַנען צוריק אין בעט אַרייַן, פאַרגעסן דעם הונגער.

אַ מיידעלע הייבט אָן זינגען, „אָבינו מלכּנו", „אויפן הויכן באַרג"...

אַ קעלט לויפט מענדלען דורך אַלע גלידער.

— זינגען טאָר מען אויך נישט.— מאַכט ער מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע.

די קינדער ווערן שטיל און שלאָפן איין, מיד פון טאַנצן און זינגען.

* * *



# שָׁלוֹם-בַּיִת.

חיים איז אַ טרעגער.

אַז ער גייט דורך דער גאַס, איינגעהויקערט אונטערן קאַסטן סחורה, זעט מען אים נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטן גייט אַליין אויף צוויי פיס... דאָס שווערע אָטעמען הערט זיך דאָך פון ווייטנס!

דאָך — אָט לייגט ער אָפּ די לאַסט, באַקומט זיינע עטלעכע גראָשן; ער גלייכט זיך אויס, אָטעמט שטאַרק אָפּ, בינדט אָפּ די פּאָלעס, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פּנים, גייט גלייך צום ברונעם, סוט אַ פּאָר שלינג וואַסער און לויפט אין הויף אריין.

ער שטעלט זיך לעבען אַ וואַנט, הייבט אויף דעם ריזן-קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד מיט דער נאָז מיטן דאַשעק פונם היטל קומען אויס אויף איין שטח.

ער רופט: — חנה!

פון אונטערן דאַך עפנט זיך אַ קליין פענסטערל און אַ קליין ווייבערש קעפּל אין אַ ווייסן ציפּיק ענטפערט: — חיים?!

דאָס פּאָר פּאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן, די שכנים זאָגן: „זיי קעטשקען זיך". חיים וואַרפט אַרויף זיין פאַרדינסט, איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר.

חנה כאַפּט עס אין דער לופט: עס איז איר נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בריה נפלאה! — מאַכט חיים, און האָט גאָר קיין חשק נישט אָוועקצוגיין.

— גיי, גיי, חיים! — שמייכלט זי, — איך קאָן מיך נישט רירן פון קראַנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האַנט שוים איך און מיטן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס געבעך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און העגעז?

— ביי דער נייטאָרין!

— יאָסל?

— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אָוועק און חנה קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט איר פאַרשווונדן.

דאָנערשטאָג־פרייטאָג דויערט עס לענגער

— וויפיל האָסטו דאָ אין פּאַפּירל? — פרעגט חנה.

— צוויי און צוואַנציק גראָשן

— איך האָב מורא, עס איז וויניק!

— וואָס דאַרפסטו דען, חנה?

— פאַר אַ זעקסער שמירעכטס פאַרן קינד, פאַר עטלעכע גראָשן ליכט, חלה האָב איך שוין... פלייש אויך. אַנדערהאַלבן פונט... גו — בראָנפן אויף קידוש!... היינט דאַרף מען נאָך עטלעכע דרענגלעך!

— דרענגלעך וועל איך דיר שוין שאַפן: עס מוז זיין אויפן מאַרק.

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף־כל־סוף בלייבט: אַז מע קאָן קידוש מאַכן איבער הלה, און אַז אָן אַ סך זאַכן איז זיך גאַנץ לייכט צו באַגיין.

דער עיקר איז — בענטש־ליכט, אויך די זאַלב פאַרן קינד!

און פונדעסטוועגן. אַז גאָט העלפט, די קינדער זיינען געזונט, די מעשׂיָנע לייכטער — נישט פאַרזעצט, בפרט, אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגל, — האָט דאָס פאָר־פאָלק גאָר אַ פריילעכן שבת!

וואָרום חנה איז אַ בריה נפלאה צום קוגל.

שטענדיק פעלט איר עפּעס: דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס. און צום סוף קומט אַרויס אַ פעטער, אַ זיסער. אַ מחיהדיקער קוגל; ער צעגייט פשוט אין אַלע אבֵרים!

— דאָס קאָכט דער מלאך, — זאָגט חנה און שמייכלט פאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אוודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים, דו מיינסט, אַז דו ביסט אַ קליי־נער מלאך, אַז דו האַלטסט אויס פון מיר און פון די קינדער... וויפיל מאָל טוען זיי דיר אָן צרות, איך ווער אַמאָל בייז... נו: אין הער עפּעס אַ קללה פון דיר. ווי ביי אַנדערע ווייבער? און באַשר, דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קידוש, נישט צו הבדלה. איך קען אפילו נישט רעכט קיין זמירות זינגען...

— ביסט פאַרט אַ גוטער טאַטע און אַ גוטער מאַן! — האַלט זיך חנה ביים איריקן, אַזאַ יאָר אויף מיר און אויף כל ישׂראל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, רבונו של עולם!

און דאָס פאָר־פאָלק קוקט זיך אין די אויגן אַריין אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם און אַזוי מיטן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, ווי זיינען ערשט פון אונטער דער חופה אַרויס.

עס ווערט נאָך פריילעכער ביים טיש...

נאָר גאָכן שלאָף גייט חיים אין קליינעם שולכל אַריין הערן תורה.

דאָרט לערנט אַ מלמד מיטן פראָסטן עולם „אלשיך“. עס איז היים, די פנימער זיינען נאָך פאַרשלאָפן; איינער כאַפּט נאָך אַ דרעמל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הייכן געגעניץ. נאָר ראַפּטאָס, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מע שמועסט פון יענער וועלט, פון גיהנם, ווו מע שמייסט די רשעים מיט אייזערנע ריטער, פון ליכטיקן גן־עדן, ווו די צדיקים זיצן אין גאָלדענע קרוינען און לערנען תורה. — דעמאָלט

ווערן אַלע אויפגעלעבט; די מיילער — אָפן, די פנימער — רויט... מע הערט זיך איין אָן אַן אָטעם, וואָס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטייט געוויינלעך ביים אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן, עס ציטערן אים די הענט און פיס; ער איז אינגאַנצן אויף יענער וועלט:

ער ליידט צוזאַמען מיט די רשעים: באָדט זיך אין הייסער סמאָלע; ער ווערט געוואָרפן כף הקלע, קלויבט שפענער אין וויסטע וועלדער... אַלץ לעבט ער דורך, און עס באַדעקט אים דער קאַלטער שווייס... פאַר דאָס האָט ער שפעטער נחת גלייך מיט צדיקים: דער ליכטיקער גן-עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור-הבר און אַלע גוטע זאַכן שטעלן זיך אים פאָר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בולט, אַז ווען דער מלמד ענדיקט, גיט אַ קוש און פאַרמאַכט דאָס ספר, כאַפט ער זיך אויף ווי פון אַ חלום טאַקע ווי פון יענער וועלט.

— אַך, — כאַפט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט איינגעהאַלטן ביי דער גאַנצער צייט, — רבונו של עולם! כאָטש אַ שטיקל, כאָטש אַ פיצל, כאָטש אַ בראָקעניו עולם הבא... פאַר מיר, פאַר מיין ווייב און פאַר אַלע מיינע קינדערלעך!

און דאַמאָלט ווערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: „מ'שטיינס געזאָגט, פון וואָס? פאַר וואָס?..."

איינמאָל איז ער נאָכן לערנען צוגעגאַנגען צום מלמד.

— רבי, — זאָגט ער, און זיין קול ציטערט, — גיט מיר אַן עצה, איך זאָל זוכה זיין צו האָבן עולם הבא!

— לערן, מיין קינד, תורה! — הערט ער אַ תשובה.

— איך קאָן נישט!

— לערן משניות... עין יעקב. כאָטש פרק...

— איך קאָן נישט!

— זאָג תהילים!

— איך האָב קיין צייט נישט!

— דאַוון ערנסט!

— איך פאַרשטיי נים, וואָס איך דאַוון!

דער מלמד קוקט אים אָן מיט רחמנות.

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.

— אַ טרעגער.

— נו, זיי משמש תלמידי חכמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, למשל, אַלץ פאַרנאַכט אין בית-המדרש אַריין אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָלן האָבן צו טרינקען...

חיים ווערט דערפרייט.

— רבי, — האָט ער ווייטער געפרעגט, — און מיין ווייב?

אַז דער מאַן זיצט אויף אַ שטול אין גן-עדן, איז דאָס ווייב זיין פוס-בענקעלע.

אַז חיים איז אַהיים געקומען הבדלה מאַכן, איז חנה געזעסן און געזאָגט „גאָט פון אברהם". אַז ער האָט זי דערזען, האָט אים עפעס אָנגעכאַפּט ביים האַרץ.

— ניין, חנה — פאַלט ער צו איר צו, — איך וויל נישט, דו זאָלסט זיין מיין פוס-בענקעלע... איך וועל מיך אַראָפּבויגן צו דיר, איך וועל דיך אויפהויבן און זעצן דיך לעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אויף איין שטול ווי אַצונד... עס איז אַזוי גוט צוזאַמען... הערסט, חנה, דו מוזט זיצן מיט מיר אויף איין שטול... דער רבונו של עולם וועט מוזן באַשטיין!

---

## אינהאַלט:

